# יודישע פרויענוועלט

## א ציטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטאריען:

פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט.
ד"ר ה. ד. הורוויץ.

פערלאג „פאלקס-בילדונג".

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל-יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-ציטונג" יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

אבאנאמענטס-פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב-יעהרליך 1.50 רובל פירטעל-יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס-ציטונג" נור 5 רובל יעהרליך, האלב-יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל-יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך נאוואליפקי 7.

Krakau, 5 Nov mbor 1902. Nr. 19 קראקוי, ה' מרחשון, תרס"ג.



אינהאלט: די פרויענבעוועגונג אין פערשידענע לענדער; וואלף דאנעמאן. — די פרויען-וועלט: I אלגעמיינע נייעס. II יודישע נייעס. — אין שטורם; (ערצעהלונג); דוד פינסקי. — די לאגע דער יודישע פרוי אין דער אלטער צייט; ש. בערמאן.

פעליעטאן: ווער ווייסט? שלום עליכם.


## די פרויענבעוועגונג אין פערשידענע לענדער.

עס איז נישט דא נאך אזא לאנד אויף די גאנצע וועלט, וואו די פרוי זאל שפיעלען אזא גרויסע ראלע אין לעבען, ווי אין פראנקרייך; אבער אויך אין ערגיץ איז דער אמת'ער כבוד פון די פרויען נישט אזוי נידריג געפאלען, ווי אין פראנקרייך. די פאריזער פרויען זענען שען, עלעגאנט און לוסטיג, זיי פארזארגען א גאנצע וועלט מיט נייע מאדעס, מעהר אבער זענען זיי נישט. באמת האט מען אין פראנקרייך געמאכט פון דער פרוי עפיס א מין לעבעדיג שפיעלצייג, מיט וועלכע מען שפיעלט זיך און מען מאכט זיך לוסטיג, ווען מען וויל, און וואס מען ווארפט אוועק אדער מען צעברעכט, אז זי דער עסט.

אין דער לעצטע צייט הערען זיך אין גאנץ אייראפא געשרייען, אז מען האט די פרויען בע'גזל'ט, אז מען האט זיי געמאכט עפיס פאר נידריגערע בעשעפענישען פון די מאנסלייט; די פרויען-בעוועגונג (פעמעניזם, פון דעם ווארט l.-femme דאס פרויען-צימער), וואס וויל אויסגלייכען די פרוי מיט דעם מאנספערשוין, אז זי זאל האבען אלע רעכטע ווי ער, שטארקט זיך פון טאג צו טאג. אין אלע לענדער געפינען זיך ווייבערשע חברות, קלובען, ציטונגען, וואס בעשעפטיגען

זיך מיט דער פרויען-פראגע, וואס האלטען מלחמה פאר פרויען-רעכט, פאר פרויען-פרייהייט. אונ עס וועט קיין חדוש נישט זיין, אז די פרויען-בעוועגונג ווערד אין ערגיץ נישט געפיהרט מיט אזא רעש, מאכט אין ערגיץ נישט אזעלכע גוואלדען, אונ איז אין ערגיץ נישט אזוי שטארק אונ היציג ווי אין פראנקרייך. איינמאל דעריבער, ווייל ווי מיר האבען געזאגט, איז די פרוי אין ערגיץ נישט אזוי נידריג געשטעלט ווי אין פראנקרייך; צווייטענס, איז דאס גאנצע פראנצויזישע פאלק בטבע זעהר היציג אונ אייליג, אונ אין פראנקרייך ווערד אלץ געטהון מיט געשרייען אונ גוואלדען, מיט המצאות אונ סקאנדאלען.

ערשט נישט לאנג האט די פראנצויזישע פאסט ארויסגעגעבען נייע פאסט-מארקען, אויף וועלכע עס איז אויפגעמאלט א פרוי, וואס האלט אין דער האנד דאס געזעץ-בוך, געעפענט אויף דער זייט, וואס הויבט זיך אן מיט די ווערטער droits de l'homme (די רעכטע פון מענש). די מארקען האבען געמאכט א גרויסען רעש צווישען אלע פאריזער פרויען אונ צווישען אלע, וואס ארבייטען פאר פרויען-פרייהייט. ווי הייסט? — האבען די פרויען געשריגען — א מענש? די רעכטע פון א מענש? אונ די פרויען, די פרויען-רעכטע ווי זענען? הייסט עס טאקי, זיי האבען גאר קיין רעכטע נישט?! אויף, שוועסטער! פראטעסט!... דער פרויען-פעראיין מיט'ן נאמען: „Supffrage de femme" (דאס רעכט פון פרויען צו וועהלען דעלעגאטען אין פארלאמענט), האט צוזאמען-גערופען אויף איין אסיפה אלע איהרע מיטגליעדער, אונ די עטליכע מאנסלייט, וואס האבען זיך געפינען אויף דער אסיפה, זענען ווי פערלוירען-געווארען צווישען דער מענגע פרויען. גאר בחנם האבען די מאנסלייט געפרובט אויסצוווייזען די בעליידיגטע פרויען, אז זיי ברויכען זיך גאר אין גאנצען נישט צו בעליידיגען, אז מיט דעם ווארט "מענש" קען מען זיי, די פרויען, אויך מיינען, אונ אז מען האט נישט געמיינט "די רעכטע פון מאנסלייט", נאר די רעכטע פון מענשען בכלל. די פרויען האבען נישט געוואלט הערען אזא פירוש, זיי האבען געשריגען, אז די מאנסלייט האבען זיי קיינמאל נישט געהאלטען פאר מענשען, אז אלע רעכטע האבען זיי זיך צוגענומען אונ אויף די פרויען האבען זיי נאר ארויפגעלעגט שווערע פליכטען (חובות), אז די פרוי איז נאר פערבונדען אונ געבונדען אונ האט קיין פרייהייט נישט.

עס איז געבליבען, אז דער פעראיין זאל ארויסלאזען זיינע מארקען. אונ אין עטליכע טעג ארום איז גאנץ פאריז פערפלייצט געווארען מיט נייע מארקען: אויף די מארקען איז אויפגעמאלט א האלב-נאקיטער מאנספערשוין, וואס האלט אין דער האנד א ליכטיגע טאוועל אונ אויף דער טאוועל שיינען די ווערטער: „droits de la femme", ד. ה. די רעכטע פון דער פרוי. אין די טויזענדער אריין זענען די מארקען פערקויפט געווארען זעהר ביליג (א קאפ. פאר 10 שטיק) אונ וואו מען קעהרט זיך אונ וואו מען ווענדט זיך, אויף אלע אמניבוסען, אויף אלע ווענד אונ אויף אלע סלופעס זענען די מארקען אויפגעקלעבט געווארען. יעדער, וואס שטעהט צו צו דער פרויען-בעוועגונג, קלעבט צו אויף דעם קאנווערט פון יעדען בריעף, חוץ דער געוועהנליכער פאסט-מארקע, נאך אזא פרויען-מארקע. די זאך האט געמאכט א גרויסען רושם אונ די מיטגליעדערינען פון דעם פעראיין האבען זיך פערמעהרט.

א קארעספאנדענט פון א רוסישער צייטונג האט גערעד מיט דער סעקרעטארין פון א פראנצויזישען פרויען-פעראיין. ער דערצעהלט, אז ער האט נאך אין זיין לעבען נישט געזעהן א פרוי ווי זי, וואס זאל אזוי זיין איבערגעגעבען דער פרויען-בעוועגונג מיט דער גאנצער נשמה, מיט'ן גאנצען לעבען. זי האט דערצעהלט, אז דער פעראיין האט זיין אמונה אין זיין קאטעכיזם (א בוך, אין וועלכען עס ערקלערען זיך די עקרים פון איין אמונה). לויט דעם פראנצויזישען פאלקס-ווערטיל האט די פרוי'ס ארבייט נאר א ווערט „פון דער קיך

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טהייל

פון

שלום-עליכם.

(פארטזעטצונג).

XIV.

### א נייע וועלט, נייע מענשען, נייע קענטשאפטען.

אונזער יונגער העלד האט זיך אריינגעהאפט אין א נייער וועלט צווישען נייע מענשען, אין א גן-עדן. ער איז ארומגעגאנגען איבער דער גרויסער שטאדט אדעס, איבער די שענע ברייטע געפלאסטערטע גאסען א פארכשופ'טער, נישט געפיהלט די ערד אונטער זיך, נישט געהערט ווי די פיס טראגען איהם, נישט געוואוסט אויף וואס ער זאל פריהער קוקען: צי אויף די הויכע גרויסארטיגע מויערען, וואס שפארען זיך ארויף אין הימעל אריין, צי אויף די שענע קארעטעס, וואס פליהען הין אונ צוריק, צי אויף די פערשיעדענע מענשען, אויסגעפוצטע אונ אפגעריסענע, וואס לויפען ווי די משוגעים, צי אויף די גלאנצענדיגע פענסטער פון שפיגעלגלאז מיט די ארויסגעשטעלטע צאצקעס איינע שענער פון דער אנדערער? ער האט זיך כמעט אויף יעדער טריט אפגעשטעלט אונ בעטראכט די שענע שטאדט מיט ווילדע אויגען, ווי איין אויסגעהונגערטער נאך א לאנגען--לאנגען תענית, אז ער דערזעהט פאר זיך מיט אמאל א סך מאכלים, אלערליי פאטראוועס, די בעסטע שפייזען; די אויגען לויפען ארום פון איין מאכל אויפ'ן אנדערען, ער ווייסט ניט פון וואס זאל ער געניסען פריהער. ער האט זיך כמעט נישט געוואלט גלויבען, אז דאס אלסדינג, וואס ער זעהט, זעהט ער דאס אויף דער וואהר, ניט אין חלום; ער האט מורא געהאט טאמער חלילה ליגט זיך דער פאטער איבער, אדער ער גלייכט זיך ניט אויס מיט'ן לעהרער אונ נעמט איהם, א קשיא אויף א מעשה, אונ פיהרט איהם אוועק צוריק א היים. פון דעם געדאנק איז איהם פערקיהלט געווארען אינווייניג די געבליטען, פארשטארבען געווארען דאס הארץ אונ פינסטער געווארען אין די אויגען. ער האט נישט געזעהען פאר זיך קיינעם, א חוץ דעם לעהרער מיט'ן פאטער, ער האט נישט געזעהען ווי עס דרעהען זיך ארום איהם נאך אזעלכע ווי ער, באטראכטען איהם פון קאפ ביז פיס, קוקען זיך איבער צווישען זיך, טריטען אפ אין א ווינקעלי אונ לאכען אין קולאק אריין. ער האט נישט געזעהען אונ נישט געהערט גארניט. ער איז געוועז

ביז צו דער שוועל"; ריכטיג, זאגען די פרויען: נאר ביז צו דער שוועל פון פארלאמענט, ד. ה. ביז מיר וועלען קענען אויסגעקליבען ווערען ווי מאנסלייט אין פארלאמענט אריין. אין דעם קאטעחיזם געפינט זיך אזא שאלה־ותשובה: פאר וואס איז די פרוי אונטערטהעניג אונטער׳ן מאנספערשוין? אונ דער ענטפער איז: ווייל די מאנסלייט, האלטענדיג אין זייער האנד די ממשלה, געבען ארויס געזעצען נאר פאר זיך אליין אונ האלטען די פרויען אין קנעכטשאפט א. ז. וו.

דער פעראיין איז פערבונדען מיט אלע פרויען־פעראיינען אויף דער וועלט, שרייבט זיך איבער מיט זיי, העלפט, פיהרט אונ גיט עצות. איינער פון איהרע סערבישע מיטגליעדערינען מילא קאוואנעוויטש האט לאנג געארבייט אין סערביע פאר פרויען־פרייהייט. דער סענאטאר פאוולאוויטש האט פארגעלעגט אין סענאט, אז מען זאל געבען די סערבישע פרויען דאס רעכט צו וועהלען, נאר דער פראיעקט איז נישט דורכגעגאנגען דורך 10 שטימען, וואס זענען געוועזען מעהר אויף דער אנדערער זייט קעגען דעם פראיעקט.

(ענדע קומט).

וואלף דאנעמאן.

# די פרויען־וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פעסער פאר פרויען אהן דעם מאנס הסכמה). דער רוסישער סענאט האט ערקלערט, אז נאר דאמאלס ווען דער מאן לעבט בשלום מיט דער פרוי אונ איז איהר מפרנס, דארף מען האבען זיין הסכמה, איהר ארויס צו געבען א פאספארט, ווען אבער דער מאן לעבט נישט בשלום מיט זיין פרוי, מעג די פאליציי איהר ארויסגעבען א פאס אפילו אהן זיין הסכמה. די עיקר סבה ארויסצוגעבען איהר א פאס איז שלעכטע בעהאנדלונג פון מאן. דאס מיניסטעריום פון די אינערע אנגעלעגענהייטען האט ערקלערט, אז דאס צירקולאר פון דעם סענאט קעהר זיך אן אויך צו די פרויען פון "מעשטשאנעס"; די פעסער וועלען ארויסגעבען די "אופראוועס" מיט דער ערלויבניש פון גובערנאטאר.

(לערנען הויזהאלטונג). קומענדיגען יאהר וועט מען אנהויבען לערנען אין אלע שטעדטישע שולען פאר מיידלעך פון שארלאטענבורג הויזהאלטונג. אין פיער שולען האט מען שוין פון יאהר 1900 אנגעהויבען לערנען הויזהאלטונג איין מאל אין דער וואך. די פראקטיק האט געוויזען, אז דאס לערנען איז זעהר ניצליך אונ מען האט עס דעריבער איינגעפיהרט אונ אלע צוועלף מעדכען־שולען, וואס געפינען זיך אין שארלאטענבורג. עס האבען זיך געעפענט נאך צוויי שולען ספעציעל צוליעב דעם, אין וועלכע עס וועלען זיין צוויי שול־קיכען.

(לאנדווירטשאפט אונטעריכט ביי פרויען). ביי דעם מיניסטעריום פאר אקערבוי אין רוסלאנד האט זיך געבילדעט א בעזונדערע קאמיסיאן, וואס האט דעם צוועק זיך צו בעראטען איבער די פראגע פון לאנדווירטשאפט־אונטעריכט ביי פרויען.

(א פרוי אלס דאקטאר פילאזאפיע). אין בערלינער אוניווערזיטעט איז נישט לאנג געווארען די אבערלעהרערין אנא לידעריטק דאקטאר דער פילאזאפיע, ז׳ איז די ערשטע דייטשע לעהרערין, וואס האט בעקומען דעם טיטעל דאקטאר.

(שטודענטינען). אין דער אוניווערזיטעט פון דער שטאדט גראנינגען (האלאנד) האבען זיך געפינען פאריגעס יאהר 34 שטודענטינען. אין אוטרעכט איז די צאהל פון שטודענטינען 48. דער רעקטאר פון דער לעצטער אוניווערזיטעט האט זעהר געלויבט די שטודענטינען פאר זייער התמדה אונ ערנסט אין לערנען.

II.

## יודישע נייעס.

(וועגען עמיגראנטען). די לאנדאנער קאמיסיאן פאר עמיגראנטען האט געשיקט א מודעה וועגען נייע עמיגראנטען, אין וועלכע

---

פארנומען אין דער מינוט נאר מיט איין זאך, איין מחשבה נאר איז ביי איהם געווען אין קאפ, געעקבוירט דעם מח: צי בלייבט ער איין אדעסער צי ניין? דער לעהרער האט איהם צוגערופען פארהערען זיך, איהם עפיס געפרעגט, דוד האט געענטווערט, נאר וואס ווייסט ער ניט, עפיס האט מען גערעדט, נאר וואס געדענקט ער ניט. ביי איהם אין קאפ איז געווען נאר איין געדאנק, אין מח איז ארומגעשפרונגען נאר איין מחשבה: אדעס!... ערשט דעמאלט האט ער זיך געגלויבט, אז ער בלייבט איין אדעסער, אז דער פאטער איז אויפגעשטאנען אונ אנגעהויבען זיך געזעגענען, ארויסגענומען פון קעשעני א גרויסען לעדערנעם בייטיל, אויסגעשאטעט עטליכע קליינע גאלדענע מטבעות, "ממזרים׳לעך" אויף זיין לשון, אונ איבערגעלאזט איהם אביסעל "קליינגעלד אויף קאנפעקטען, ניסלעך, צוקערקעס אונ אנדערע שמאכטעליאקעס".

— געדענק זשע, זיי א מענש וועסט דו עסען אין סוכה! — אזוי האט ער אנגעזאגט זיין זוהן, אונ דעם לעהרער האט ער געבעטען ער זאל השגחה געבען אויף זיין קינד, ער זאל ניט איבערקעהרען אדעס, ווארום ער איז א גרויסער שייגעץ!

— אונ אז ער וועט, הערט איהר, ניט פאלגען מעגט איהר איהם געבען, הערט איהר, א פאטש, אונ א מאל צוויי פעטש, נישקשה, אויף מיין אחריות... באלעווען, פעסטען, דארפט איהר איהם ניט, ער איז, הערט איהר, ביי מיר חלילה ניט קיין בן יחיד. פאראן ביי מיר, הערט איהר, קיין עין־הרע ביז א טוץ... איך האב פיינט באלעווען, איך בין, הערט איהר, אליין ניט קיין געבאלעוועטער; איך אין מיינע יאהרען האב שוין גוט געהארעוועט, געשטאנען, הערט איהר, ביי די פיש... אונ ווייטער וואס ס׳איז "קאסאטעלנע" צו לערנען יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויז אונ די איבעריגע שאלעמויזען, פערלאז איך מיך אינגאנצען אויף אייך; מע האט מיר געזאגט, הערט איהר, אז איהר קאנט, — מסתמא קאנט איהר; איך בין ווי איהר זעהט מיך אטא, א פראסטער חי וקים, מע זאל מיך געוועז, הערט איהר, לערנען וואלט איך מסתמא געקאנט מעהר פון אייך, אונ נאט אייך א גראשען פאר איננאנצען דאס לערנאכטס, הערט איהר, ווארום אט האב איך ניט לאנג צוגענומען, הערט איהר, א מענשען א קאסיר, וועט ער אייך פארשטעקען אין נארטעל מיט אלע אייערע אדעסער קענערס, פון דעסטוועגען איז ער קיין עין הרע, הערט איהר, א קבצן אין זיבען פאלעס, ער איז מיר גענוג נאכגעגאנגען אונ איך האב איהם גענוג, הערט איהר, אויסגעקאכט דאס וואסער ביז איך האב איהם צוגענומען, הערט איהר, פאר דרייסיג שמארדאווענצעס א חודש... זייט מיר געזונד!... זיי געזונד, דוד!...

דוד האט נישט געוואוסט, ווי אזוי זאל ער זיך געזעגענען מיט׳ן פאטער: געבען איהם די האנד? — עפיס מאדנע; ווי אזוי גיט מען

עס געפינען זיך די דאזיגע ידיעות: אין אויסטראליע האט מען נייטיג שטוב-מיידלעך, וואס זאלען העלפען ביי דער ווירטשאפט, אבער באנען, גובערנאנטען, געזעלשאפטערינס זענען דא איבער גענוג. מען דארף האבען פרויען, וואס פערשטעהען צו נייהען קליידער און קאמאשען-ארבייט. — אין וויקטאריע, (אויך אויסטראליע), צאהלט מען זעהר ווייניג לאהן פאר שפין-ארבייט, מיט וועלכע פרויען בעשעפטיגען זיך. — אין מערב-אויסטראליע און מאכמאניע דארף מען שטוב-מיידלעך. — אויך אין ניי-זעלאנד און אין די קאפ-קאלאניעס דארף מען קעכענס, אבער אליין זאלען זיי נישט קומען. — אין טראנסוואל און אראנזש דארף מען זעהר קעכענס און אויך אזוי דיענסט-מיידלעך, זיי בעקומען 5 פונט שטערלינג א חודש, אבער אליין קומען זאלען זיי נישט, ווייל עס איז זעהר שווער פאר א פרוי צו בעקומען א דירה. דער עמיגראציאנס דעפארטאמענט פאר פרויען אין יאהאניסבורג האט איינגעארדענט, אז ענגלישע דיענסטען זאל מען אויסלייהען 12 פונט שטערלינג אויף דער רייזע מיט דעם תנאי, אז זיי זאלען עס דערנאך ביסלעך-ווייז אויסצאהלען פון זייער געהאלט.

(וואהנרעכט פאר יודישע פרויען). דער רוסישער סענאט האט ערקלערט, אז עס איז ערלויבט די יודישע פרויען, צו פאהרען אין סיביריע מיט זייערע מענער, וועלכע מען פערשיקט אהין.

---

# אין שטורם.

פון

דוד פינסקי.

א פרומע יודענע האט עס מיר דערצעהלט. אלס א מוסר השכל פאר די זינדיגע, פאר די יונגע, פאר דאס נייע.

אויף דעם קלארען הימעל האבען זיך בעוויזען שווארצע וואלקען. דיקע, געדיכטע שטורם-וואלקען. צוערשט ווייט, הינטער'ן וואלד, אבער גאר באלד האבען זיי פערדעקט דעם גאנצען הימעל איבער'ן שטעדטעל. א שטורם-ווינד האט זיי געפאטשט און געטריבען, און זיי זענען געלאפען אונטער זיינע שמיץ, בייז, אנגערוקט, חושך'דיג.

און דער ווינד — א "ווירבעל-ווינד" — האט זיך געטראגען אין דעם גאנצען בעוואוסטזיין פון זיין אימה'דיגער קראפט, אויפגעהויבען זיילען שטויב ביז צו די געיאגטע וואלקען, אראבגעריסען דעכער, אויסגעריסען ביימער פון די ווארצלען.

אויף דעם שטעדטעל האט זיך אראבגעלאזען א חושך. אין מיטען העלען טאג איז געווארען נאכט, עכט שבת-שובה'דיג: אזוי שרעקעדיג פינסטער, אזוי דריקענדיג שווער, ווי ביי א פרומען יודען אויפ'ן הארצען.

די מענשען האבען זיך איינגעשלאסען אין זייערע הייזער, פערשפארט פענסטער און טהירען. די ערנסטע פנימ'ער פון די תשובה-טהוענדיגע יודען זענען נאך ערנסטער געווארען. די שווערע געפיהלען פון שבת-שובה זענען נאך שווערער געווארען. גאט בייזערט זיך. די טרויעריגע שטימע פון די תהלים-זאגער זענען געווארען הארציגער, וויינענדיגער.

עס איז געווארען פינסטערער און פינסטערער.

דאן האט די אלטע חיענע אויפגעהויבען די אויגען פון דעם תהלים, א קוק געטהון דורך איהרע ברילען אויף די גאס, ארויסגערעד מיט א ציטערדיגען הארץ "או-הא!" און אבגעזיפצט.

זי איז א ווייל געזעסען און געקוקט אין גאס אריין. זי האט אונטערגעשאקעלט מיט'ן קאפ, איהר גאנצע נשמה איז געוועזען פול מיט גאט'ס אלמעכטיגקייט.

עס האט נישט געוואלט ליכטיגער ווערען. די וואלקען האבען זיך געצויגען אהן אן ענדע, און דער ווינד האט געטראגען און געדרעהט געדיכטע זיילען שטויב.

זי האט נישט געקענט מעהר זאגען איהר תהלים. זי האט אראבגענומען די ברילען פון די אויגען און אריינגעלעגט זיי אין דיקען קרבן-מנחה, איז אויפגעשטאנען פון איהר ארט און אוועק צו איהר טאכטער אין צימער.

א טאטען שלום-עליכם? צעקושען זיך שמוסט מען נית; ווי אזוי קושט מען זיך פלוצים אין מיטען דרינגען מיט א טאטען און פאר אלעמען אין די אויגען?... איז ער געבליבען שטעהן פון דערווייטען און נאר א מורקע געטהון אינטער דער נאז: "פאהרגעזונד", בשעת דער פאטער איז שוין געווען מיט איין פוס אויף יענער זייט טיר.

מיט א מינוט שפעטער, אז די רעדער פון דער דראשקע האבען זיך געלאזט הערען איבער די שטיינער, האט דוד'ס הערציל אנגעהויבען קלאפען שטארקער און שטארקער, שיער נית ארויסגעשפרונגען פאר פרייד; די ווייסע בעקלעך האבען איהם מיט א מאל אנגעהויבען פלאמען און די אייגלעך גלאנצען. אין דער מינוט האט ער פארגעסען דעם טאטען מיט דער מאמע מיט דער היים, נאך קיינעם נישט געבייענקט, צו קיינעם נישט געצויגען דאס הארץ. נאר איין געפיהל איז ביי איהם געווען אין הארצען, נאר איין מחשבה אין קאפ: "איך בין אין אדעס!..."

"ווהע איז צו דעם גרעזעלי — אזוי זאגט דוד אליין מיט א מליצה-שפראך אין זיין "טאגביכיל", וואס ער האט נאך דעם אין א צייט ארום פארפיהרט, פארשריבען אהין אלע מאל זיינע טאג-מחשבות און געדאנקען און זיינע זכרונות פון א מאל — וועה איז צו דעם גרעזעל וואס שפראצט אין דער פינסטער, וואס קוקט נישט אן די לעכטיגע שיין פון דער לויטערער זון, וואס וואקסט פון זיך אליין, ציהט דאס חיות פון דער ערד, פיהלט נישט דעם טעם פון א ווארעמען רעגען, פון א טראפען פרישע טוי!... וועה איז צו דעם קינד, וואס איז נישט דערווארעמט אויף דער מאמעס שויס, וואס וואקסט פון זיך אליין, פון דעם וואס סע עסט און טרינקט, וואס פיהלט נישט דעם טעם פון דער מאמעס טרעהרען, טרעהרען פון ליעבשאפט, — נישט פון יענע ליעבשאפט, וואס די מאמע זאגט, "מיר זאל זיין פאר דיר" און שטופט דעם קינד אין מויל אריין נאך א לעקעכיל און נאך א צוקערקעלי, — ניין! פון יענע ליעבשאפט וואס גיט זיך איבער פון פאטער און מוטער צום קינד און פונ'ם קינד צו פאטער און מוטער אהן ווערטער, נאר מיט די אויגען, און אפילו אונטער די אויגען, פון דערווייטען, מיט'ן הארצען, מיט דער נשמה; אדרבה, וואס ווייטער מע איז — ציהט אלץ מעהר דאס הארץ, וואס ווייטער דער גוף — אלץ נעהנטער די נשמה... און דערמאנען זיך עלטערן און קינדער ביי נאכט אויפ'ן געלעגער איינס אן דאס אנדערע, נעהט זיי אוים דאס חיות; זיי קאטשען זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, זיפצען און קרעכצען, קאנען נית אנשלאפען ווערען; זיי שיקען אפ איינס דעם אנדערען שטילערהייד א פריינדליכען — פריינדליכען גרוס, א ווארעמען — ווארעמען קוש און ווערען אנשלאפען מיט טרעהרען... — אט פון וואסער א ליעבשאפט איך מיין... איך, דוד, האב פון אזא ליעבשאפט, אוי וועה, קיין מאל נישט געוואוסט!..."

"וואס זאגסטו צו...?"

זי האט נישט געענדיגט. די טאכטער איז דא נישט געוועזען.

די אלטע האט זיך ארומגעקוקט אין צימער, אריינגעקוקט אין קיך, דאן ווידער אין צימער. דער טאכטער'ס היטעלע איז נישט געוועזען אויפ'ן ארט. מיט ציטערדיגע הענד האט זי אויפגעעפענט די שאפע. דארטען האט געפעהלט דער זשאקעט.

זי איז אוועקגעגאנגען! און זי האט איהר דאכט זיך אנגעזאגט, אז היינט זאל זי נישט אוועקגעהן, אז שבת־תשובה זאל זי חאטש זיצען אין דער היים און נישט לויפען צום "שטיק משומד", צום געוועזענעם סטודענטעל.

דער אלטע'ס געזיכט איז געווארען טונקעל ווי דער הימעל דרויסען. אין איהר הארץ האט זיך פערנאנדערגעיאגט דער שטורם. זי האט זיך אומגעקוקט אין צימער, ווי זי וואלט וועלען עפיס טהון: עמיצען שלאגען, עפיס צעברעכען.

"אי, זאל איך דיך נישט האבען מעהר פאר א טאכטער!" האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען פון דעם שטורמדיגען דארצען, און איהרע הענד האט זי אויפגעהויבען צום הימעל.

זי האט זיך נישט דערשראקען פאר דער קללה, וואס איהרע ליפען האבען ארויסגעלאזט אום שבת־שובה. זי וואלט איצט געשאלטען און געשריען מיט די הארבסטע ווערטער. פאר די האר וואלט זי זי איצט אנגעכאפט, דאס פנים וואלט זי איהר צעפאטשט.

פלוצלינג האט זי געחאפט אויף זיך א טוך און איז ארויסגעלאפען פון שטוב.

זי וועט זיי ביידע אויפזוכען און וועט זיי מאכען א מיאוס'ע פסק.

א שארפער בליץ האט דורגעשניטען די וואלקען, עס האט שטארק געדונערט. און דאן א בליץ נאך א בליץ, א דונער נאך א דונער. איינער העלער פאר דעם אנדערן, איינער שטארקער פאר דעם צווייטען!

אויף דעם עולם איז אנגעפאלען אין אימה. שבת־תשובה זאל דונערן, און נאך אזוי דונערן! די הערצער זענען געריהרט געווארען, די נשמות זענען אויסגעגאנגען אין געבעט.

די אלטע חיענע האט עס קוים געמערקט.

דער ווינד האט איהר פערשאטען די אויגען מיט שטויב, געריסען פון איהר דאס טוך, אויפגעבלאזען איהר קלייד, פערדרעהט דעם פאריק אויף איהר אלטען קאפ.

זי האט געשפאנט און געשפאנט...

זי האט גאר נישט געהערט און גאר נישט געזעהען פאר זיך. דאס האט אין איהר געדונערט און געברומט, דאס האט נאר אין איהר געשטורמט און געיאגט. און די גאנצע וועלט איז געוועזען פינסטער נאר פאר איהר, ווייל איהרע אויגען זענען געוועזען פערלאפען מיט בלוט.

איהר קליינע פיגור איז נאך קלענער געווארען. איין איינגעבויגענע אין דרייען האט זי געשפרייזט, אויף גיך, אויף גיך. זי איז דאכט זיך געגאנגען שנעלער פאר דעם ווינד. ער האט זיך נאר נאכגעיאגט נאך איהר, און ווען ער האט זי אנגעיאגט, האט ער זי נאר נאך אונטערגעשטופט, און זי האט פערגיכערט איהרע טריט.

זי האט נישט געקוקט ארום זיך, האט נישט געמערקט, ווי נייגיעריגע אויגען האבען ארויסגעקוקט אויף איהר דורך די פערמאכטע פענסטער, פאר וועלכע זי איז פארבייגעלאפען. זי האט גאר נישט געזעהן און גאר נישט געהערט. איהר גאנץ וועזען איז אויסגעמישט געווארען מיט דער צארניגער נאטור. איהר געדאנק איז געוועזען א קללה, א שרעקליכע קללה, א טוידטליכע קללה. נישט אין ווערטער, נאר אין איהר גאנצער נשמה. עס האט אין איהר געשריען, געדונערט, אריבערגעדונערט די דונערן פון די שווארצע בייזע וואלקען.

---

עס איז קיין חדוש ניט דעריבער, וואס דוד האט ערשט דעמאלט, נאכען פאטערס אוועקפאהרען, אנגעהויבען ארומקוקען זיך וואו ער איז אין דער וועלט, איבעראניים בעטראכט די נייע וועלט מיט די נייע מענשען וואס ארום איהם, איבעראניים אנגעקוועלט פון יעדער זאך און פון יעדען מענשען, וואס האט אויסגעזעהען ביי איהם ניי. ביי איהם אין די אויגען געהאט דעם זיבעטען חן. גיך האט ער געשלאסען קענטשאפט מיט צוויי נייע חברים, אויך קעסט יונגלעך אזוי ווי ער, איינער א בופלאק, א שווארצער בחרעק פון א יאהר דרייצעהן מיט רויטע געדעכטע באקען און מיט שווארצע קורץ אונטערגעשארענע שטייענדיגע האר; דער אנדערער — א יונגערער מיט א יאהר, א געלער מיט א ווייס קלייענדיג פנים, מיט א צעפלעצט נעזעל און מיט שיטערע ווייסע צייהן. ביידע זענען געגאנגען אנגעטהון אין קורצע ווייטיקלעך מיט ווייסע קנעפלעך און מיט א ברייטען פאס מיט א שפראנצקי. די הענד האבען זיי געהאלטען אין די קעשענעס, ווי פיינע בריה'ס מזיקים. דוד האט אויף זיי געקוקט און שטארק מקנא געווען זיי אויף די ווייסע קנעפלעך מיט'ן ברייטען פאס מיט דער שפראנצקי.

— א נו, ווייז נאר, וויפיל האט דיר דיין טאטע איבערגעלאזט געלד?

אזוי האט זיך אנגערופען צו איהם דער שווארצער בופלאק; און אז דוד האט אויפגעעפענט די האנד, האט איהם דער געלער מיט'ן קלייענדיג פנים געגעבען א זעץ פון אונטען ארויף, און א זאג געטהון: א הא! האט זיך דאס גאנצע ביסעל געלד אויסגעשאטען, צעפאלען און צעקייקעלט זיך אין אלע ווינקעלעך, און צווישען חברה איז געווארען א גרויס געלעכטער. זיי האבען זיך אלע דריי צעלאזט זוכען די גאלדענע מטבעות אויף דער ערד, און קריכענדיג אויף דער ערד האט מען זיך צעבוצקעט מיט די שטערענס, און ערשט דעמאלט האט מען אנגעהויבען צו לאכען גאר אויף איין אנדער אופן, זיך ממש געקאטשעט פאר געלעכטער. אלע מינוט האט מען זיך דערמאנט ווי אזוי מע האט זיך צעבוצקעט מיט די שטערענס און עס האט זיך אנגעהויבען א פריש געלעכטער; און אז מע האט שוין אויפגעהערט צו לאכען פונם צעבוצקען זיך, האט מען זיך דערמאנט ווי אזוי מע האט אויסגעשאטען דאס ביסעל מינץ, און מע האט אנגעהויבען איבעראניים צו לאכען גאר א נייע מין געלעכטער, אזוי לאנג ביז דער שווארצער בופלאק האט א מאך געטהון מיט דער האנד:

— נו, גענוג לאכען! הער נאר, ווי אזוי רופט מען דיך?

— דוד.

— דאדיק?

דאס ווארט "דאדיק" האט ארויסגערופען א פרישען געלעכטער ביי די צוויי בחורים'לעך; נאר אזוי ווי דוד האט אין דעם געלעכ־

זי האָט זיך אַריינגעריסען אין דעם „שטיק משומד׳ס" וואהנונג. זי האָט אויפגעמאַכט די טהיר מיט אַ רעש און צו געמאַכט זי הינטער זיך מיט נאָך אַ גרעסערן. די, וועלכע זענען געוועזען אין שטוב, זענען געבליעבען פערציטערטע און אויפגעשפּרונגען פון זייערע פּלעצער, זי האָט אויף זיי אַ וואָרף געטהון אַ ווילדען, בליק מיט שנאה און גע־לאָזען זיך איבער די צימערן. פון איין צימער איז זי אַריין אין דעם אַנדערען, פון דעם אַנדערן אין דעם דריטען, זי האָט געריסען און געקלאַפּט מיט די טהירען, בעגלייט פון די דונערן. ווי אין אַ געוועט, ווער וועט מאַכען שטאַרקער ציטערן די שויבען אין די פּענסטער, אַ קליין יונגעל אין שטוב האָט זיך דערשראָקען פאַר איהר און צעוויינט. און זי איז געלאָפען פון צימער אין צימער, אָבער נישט ער, נישט די טאָכטער זענען דאָ נישט געוועזען.

דאַן האָט זי זיך געלאָזען צוריק. נאָר בײַ דער שוועל האָט זי זיך אָבגעשטעלט אויף איין אויגענבליק. זי האָט פערגלאַנצט די אויגען צום הימעל און אויפגעהויבען די הענד צו גאָט.

„אַ שׂרפה זאָל קומען אויף דעם הויז!" האָט זיך אַרויסגעריסען בײַ איהר מיט אַ הייזעריגען קול.

דאַן איז זי אַוועק, אַ שטוים טהוענדיג די גאַסענטהיר און לאָ־זענדיג זי אָפּען. די שטוב־מענשען האָט זיך אויסגעוויזען גלײַך ווי דער שטורם וואָלט זיך אַריינגעריסען אין שטוב. זיי האָבען פערגעסען צו פערמאַכען די מײַלער פאַר איבעראַשונג.

אַ שלאַקס־רעגען האָט געגאָסען פון די שוואַרצע וואָלקען, גע־מישט מיט האָגעל. דער ווינד האָט איהם אונטערגעכאַפּט, געדרעהט, געוואָרפען אַרויף און אַראָב. עס האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסעל.

אָבער דאָס האָט גאָר אין דער אַלטער חיענע געקאָכט, עס האָט אין איהר געשריען פאַר ווילדקייט. זי האָט נישט געהערט די ערד אונטער זיך, דער מבול האָט זי דורכגענעצט דורך און דורך, אָבער דאָס האָט זי נישט אָבגעהאַלטען. דאָס האָט זי נאָך ווילדער געמאַכט.

זי איז געלאָפען פון שטוב צו שטוב, וואו זי האָט נאָר געקאָנט דערוואַרטען, אַז זי וועט דאָרטען געפינען איהר טאָכטער מיט׳ן „שטיק משומד". זי האָט זיך אין ערגיץ נישט אָבגעשטעלט, אין ערגיץ אַ וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אַריינגעריסען זיך און אַרויסגעלאָפען ווי אַ בליץ, לאָ־זענדיג די שטוב מענשען מיט אָפענע מײַלער.

זי וועט זיי געפינען! און אפילו אונטער דער ערד. און זי האָט ניט אויפגעהערט שעלטען און קללה׳נען.

אַרויסלויפענדיג פון דעם לעצטען הויז, איז זי געבליעבען אַ ווײַלע שטעהן. וואוהין יעצט?

זי האָט זיך געלאָזען צוריק אַ היים. איהר האַרץ האָט איהר אַ זאָג געטהון, אַז די טאָכטער וועט איצט זײַן אין דער היים. איהרע ליפּען האָבען געשעפּטשעט די שרעקליכסטע קללות, און אין איהר האָט עס געשריען, געשריען, און די גאַנצע לופט, האָט זיך איהר גע־דאַכט, איז פול געוואָרען מיט איהר געשרײַ, מיט איהרע חרמות און קללות.

מיט אַ שטאַרקען ווינדשטוים, מיט בליץ און דינער־קלאַפּ האָט זי זיך אַריינגעריסען צו זיך אין שטוב.

די טאָכטער איז דאָ נישט געוועזען.

זי האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ שטוהל און אויסגעבראָכען אין אַ יאַמער.

עס האָט אַ זעץ געגעבען איין אונגעהייערער דינער. איינער פון יענע דינערס, וועלכע טהוען אָן די גרעסטע חורבנות. די נאַטור האָט אויסגעטרייסעלט דעם גאַנצען רעשט ענערגיע, וועלכע איז בײַ איהר געבליעבען פון דעם הייסען זומער.

די מענשען אין שטעדטעל זענען געבליעבען דערשראָקען. מען האָט זיך אַרומגעקוקט און אַרויסגעקוקט אין דרויסען: צו איז נישט געשעהן עפּיס איין אונגליק. די תשובה־טהוער האָבען נאָך טיע־טער קיין חלק נישט געוואָלט נעמען, ווײַל איהם האָט זייער לאַכען שוין אָנגעהויבען אַ ביסעל פאַרדריסען, האָט דער שוואַרצער בופלאַק זיך געווענד צו איהם שוין גאַנץ ערענסט.

וואָס האָסט דו זיך אָנגעבלאָזען ווי אַיין אינדיק. נאָר איינער? למאַי אַט היים איך בופלאַק, און איהם, אַט דעם רויטען, רופט מע ריזשיק?

פאַר דעם וואָרט „ריזשיק" האָט דער רויטער דערלאַנגט דעם שוואַרצען מיט׳ן גראָבען פינגער אָן זײַט אַריין און דער שוואַרצער האָט איהם צוריק אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש, האָט דער רויטער אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש דוד׳ן.

— נאַ דיר איין פּאַטש און גיב איהם אָפּ צוריק און לאָז איהם גריסען.

— גאָר פרײַנדליך! — רופט זיך אָן דוד און שטעקט אָפּ דעם שוואַרצען אַ רעכטען פּאַטש און אַלע דרײַ שיסען אויס אַ נײַעם געלעכ־טער, אַ סימן אַז דאָס קענטשאַפט איז געשלאָסען און מע איז חבר.

---

אויב ס׳איז אמת, אַז גרויסע מענשען זענען געגליכען להבדיל צו הינד, וואָס אַז זיי בעגעגענען זיך דאָס ערסטע מאָל, הויבען זיי זיך אָן אַרומ־שמעקען, דרעהען מיט די ווידלען, מאַכען מאָדנע הויות, אָדער בלאָזען זיך אָן, בעווײַזען ציינער וכדומה אַזעלכע הינטישע תנועות; אויב דאָס איז אמת, קענען מיר דאַכט זיך פאַרגלײַכען יונגע קינדער צו קליינע פייגעלעך, וואָס אַז זיי בעגעגענען זיך ווערד באַלד צווישען זיי אַ פּישטשערײַ מיט אַ פלאַ־טערניש, מיט אַ מאַכען מיט די פליגעלעך, מיט אַ שפּרונגען איינס אַקעגען דאָס אַנדערע, מיט אַ קישען זיך אין די פּיסקלעך; מע ווערד גיך חבר און טאַקי גיך צעבוצקעט מען זיך, מע הויבט זיך אָן כלומר׳שט רייסען די פעדערלעך: פּיק—פּיק! און טאַקי באַלד ווערד שלום, ווידער חבר, ווידער געפּישטשעט, ווידער געפלאַטערט, ווידער געמאַכט מיט די פליגעלעך, ווידער געשפּרונגען איינס אַקעגען דאָס אַנדערע און ווידער געקישט זיך אין די פּיסקלעך, גלײַך ווי גאָר ניט געוועזען. גליקליכע פייגעלעך! זיי ווייסען נישט פון קיין הינטישע הויות... געבענשטע קינדער! זיי ווייסען נאָך ניט פון יענער נאַרישער מאָדע „רעקאָמענדירען", „פאָרשטעלען", „בעקאַנט מאַכען". קליינע קינדער ווערען אַליין גיך בעקאַנט; אַ קוק אין די אויגען, אַ זעץ איבער דער האַנד, אַ שנאָל אין נעזיל, אַ בוצקע אין די שטערענס, אַ פּאָר שאַרפע ווערטער, אַלע אינאיינעם אַ געלעכטער — און פאַרטיג!

(פאָרטזעצונג קומט).



פער אַריינגערוקט זייערע קעפּ אין די תּהלים'ס און זייער קול איז נאָך ציטערדיגער געוואָרען.

אָבער חיענע האָט דעם דונער ווי נישט געהערט. זי האָט געיאָמערט, ביטער געיאַמערט. און דאַן האָט זיך בּיי איהר אַרויסגעריסען אַ ווילדער געשריי, ווי דער ווילדער דונער:

„זאָל זי גאָר נישט דערלעבען קומען אַ היים! אַ טויטע זאָל מען זי מיר ברענגען צוטראָגען! אָי רבונו של עולם!"

און די וואָלקען האָבען אָבגעענטפערט מיט אַ קנאַק און דער ווינד האָט זיך צעיאָגט מיט אַ פּייף.

פּלוצלינג איז זי אויפגעשפּרונגען און געלאָזען זיך וויעדער לויפען. דער ווינד איז צו איהר צוגעשטאַנען. דאס האָט ער זי אונטערגעשטופּט פון הינטען, דאס איז ער פערלאָפען פאָראויס ווי אַ געטרייער הונד. און געשמיסען און געהויבען די בלאָטע פון גאַס און צונויפגעמישט זי מיט די שווערע טראָפּען, וועלכע זענען געפאַלען פון די נאַכטשוואַרצע וואָלקען, און מיט די זודיגע טראָפּען, וועלכע האָבען זיך געקייקעלט פון איהרע ברענענדיגע אויגען.

זי איז געלאָפען צום שאָסע הינטער'ן שטעדטעל.

זיי זענען זיכער אַוועק שפּאַצירען אויפ'ן שאָסע, וואו מען האָט זיי שוין עטליכע מאָל געזעהן. זי וועט זיי טרעפען אויפ'ן וועג אָדער אין יונה'ס קרעטשמע נעבען גרויסען וואַלד.

אין דעם גוי'עשען געסעל, דעם לעצטען געסעל פונ'ם שטעדטעל, האָבען די הינד אין די הויפען דער הערט איהרע שנעלע טריט אויף דער מיט וואַסער בעדעקטער ערד. אייניגע האָבען אָנגעהויבען בילען הינטער די טויערן, נישט וועלענדיג אַרויסקריכען אין גאַס אונטער דעם רעגען; אַנדערע האָבען זיך נישט געפוילט און זענען אַרויסגעקראָכען פון אונטער די טויערן מיט אַ בייזען בילען. אָבער זי האָט זיי נישט געזעהן און נישט געהערט, זי האָט נאָר געקוקט ווייט אויף דאס שאָסע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען נאָך דעם געסעל, און געלאָפען.

איין הונד האָט זי אָנגעחאַפּט ביים קלייד, וואָס איז שווער געוואָרען פון וואַסער. אָבער זי האָט עס נישט געמערקט און אָבגעשלעפּט איהם מיט זיך אַ שטיק־וועג, ביז עס האָט איהם דערעסען צו לויפען מיט איהר אונטער'ן רעגען, און ער האָט אַרויסגעלאָזען דאס קלייד, אַ מאָמענט האָט ער נאָך געטראַכט אָנצוכאַפּען זי פאַר איין אַנדער אָרט, אָבער גלייך האָט ער זיך געלאָזען צוריק צו זיין הויף מיט אַ בייזען ברומען.

אויפ'ן שאָסע איז דער ווינד נאָך שטאַרקער געווען. און דער דונער האָט דאָ אָבגעהילכט מיט טויזענדער וויעדער־קולות פון דעם נאָהנטען וואַלד. חיענע האָט נאָר געקוקט ווייט פאַר זיך, איינגעקוקט זיך אין די שוואַרצע, וואַסער־אָנגעפילטע לופט.

אויפ'ן וועג זענען געוועזען אָנגעוואָרפען צווייגען און צווייגלעך, אָבגעשלאָגענע פון דעם בליץ, און זאָגאַר אַ פּאָר בוימער זענען געלעגען פאַר איהר, אויסגעריסענע מיט די וואָרצלען און פערוויכערטע.

זי האָט געשעפּטשעט: „וואָלט דער דונער זיי אַזוי דערשלאָגען!"

עס האָט אויפגעשריען אין איהר. זי האָט איצט געפונען אַ בעשטימטע פאָרם פאַר איהרע קללות, דער דונער דאָרטען אויבען האָט זיך דאָס איצט אַרויסגעריסען פון איהר.

און זי איז געלאָפען, געלאָפען...

„אָבער וואָס איז דאָ?"

אַ פּאָר שריט פון איהר ליעגען צוויי מענשען. איין ע ר און אַ ז י. פערקרימט, אויסגעדרעהט, די געזיכטער שוואַרץ ווי ערד, די אויגען איבערגעקעהרט. צוויי טויטע, פון בליץ געטראָפענע.

עס האָט העל אָבגעבליצט, אַ שטאַרקער דונער האָט געהילכט.

זי האָט דערקאַנט איהר טאָכטער.

מעהר אין די קליידער, ווי אין דאס שוואַרץ געוואָרענע געזיכט, מעהר אין די גאַנצע פיגור, ווי אין די שרעקליך קוקענדיגע ווייסלעכען פון די אויגען.

דער מיידעלס האַנד איז געלעגען אונטער דעם בחור'ס אָרם. די איבערציהונג פון דעם אויפגעשטעלטען רעגענשירם אין דעם בחור'ס האַנד איז געוועזען אָבגעברענט.

די אַלטע האָט געוואָלט אויסשרייען אַ קללה, צודונערן זיך צוזאַמען מיט'ן דונער, איהרע אויגען האָבען געבליצט צוזאַמען מיט'ן בליץ, אין האַרץ האָט זיך אויפגעהויבען אַ פערוויסטענדער שטורם.

זי האָט געוואָלט אויסשרייען מיט די בייזעסטע ווערטער, אַז די טויטע האָט פערדיענט איהר סוף. זי האָט איהר געוואָלט נאָכזאָגען די ניעדעריגסטע און עלענדסטע צונעמעניש.

אָבער פּלוצלינג איז איהר פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען. דער קאָפּ איז איהר געוואָרען ווי אָנגעגאָסען מיט בליי. אַ מידיגקייט און אַ ציטערניש איז אָנגעפאַלען אויף איהר. די פון רעגען שווער געוואָרענע קליידער האָבען זי געצויגען צו דער ערד, די אויגען זענען אויסגעלאָשען געוואָרען.

עס האָט געדונערט און געבליצט און געפּייפט.

אָבער אין איהר איז געוועזען שטיל און פינסטער און טוידט.

זי האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע פאַר דעם טוידטען קערפּער פון איהר טאָכטער, אויסגעשטרעקט איבער איהר די ציטערדיגע הענד, און אין איהרע אויגען האָט זיך בעוויזען אַ מאַט פייערל.

זי האָט זיך געטרייסעלט מיט'ן גאַנצען קערפּער. עס האָט איהר געוואָרפען אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. און מיט אַ הייזעריגער, קלאַנגלאָזער שטימע האָט זי אַרויסגעאָטעמט:

„טאָכטערקע! העניעטשקע!"

---

## די לאַגע פון דער יודישער פרוי אין דער אַלטער צייט.

(ענדע).

VI.

די חכמים האָבען זיך תּמיד בעמיהט צו בעווייזען דעם פּאָלק, אַז אַ פרוי איז אַ גלייכער מענש ווי דער מאַן, און אויב עס געפינען זיך נאָך אין דער גמרא אַ זעלכע דינים, וואָס דריקען די פרוי, און מע קען די דינים ניט אויסמעקען, מוז מען אָבער אין לעבען ווידערשטעהען די דאָזיגע דינים. למשל, אין דער צייט פון די חכמי התּלמוד האָבען יודען געמעגט נעהמען צוויי ווייבער אָדער מעהר מיט אַ מאָל. דאָך געפינען

מיר ניט אפילו איין תנא אדער איין אמורא, וואס האט געהאט צוויי ווייבער מיט א מאל.

רבי חייא, דער לעצטער פון די תנאים. און זיין פלימעניק רב, דער ערשטער פון די אמוראים, האבען געהאט ווייבער אמת'ע "ארורות", וועלכע האבען זייערע מאנען רעכט ביטער און זויער געמאכט זייער לעבען. פון דעסט וועגען האבען די צוויי חכמים געליטען פון זייערע ווייבער שטילערהייט און האבען קיין אנדערע ווייבער ניט גענומען.

די גמרא דערצעהלט א שיינע אנעקדאט וועגען רב'ס פרוי: זי איז געווען זעהר אבייזע און פלעגט תמיד טהון רב'ן צו להכעיס. אז ער האט זי געבעטען קאכען ארבעס, האט זי דווקא געקאכט לינזען, און אז רב האט געבעטען קאכען לינזען, האט זי אויף צו להכעיס געקאכט ארבעס. רב'ס זוהן, חייא, איז א פנים געווען א גוטער וויצלינג, און ער פלעגט דאס איבערגעבען דער מוטער דעם פאטערס בקשות וועגען דעם עסען. האט זיך חייא מיישב געווען, ער וועט אנהויבען זאגען דער מוטער פערקעהרט: האט רב געוואלט לינזען. האט חייא געזאגט דער מוטער, אז רב וויל ארבעס; פלעגט זיך דאך קאכען דווקא לינזען, און אז רב האט געוואלט ארבעס האט איהר חייא געזאגט אז רב וויל לינזען; נו פערשטעהט זיך, אז זי בעדארף קאכען ארבעס. עס געהט דורך א צייט און רב האט זיך זעהר געוואונדערט, וואס זיין פרוי האט איהם אויפגעהערט צו טהון צו להכעיס. דאן האט איהם חייא דערצעהלט, ווי ער נארט די מוטער. אז רב האט דאס דערהערט, האט ער זיין זוהן שטרענג פערבאטען אויסנארען די מוטער. אזא ביישפיעל פון עהרען די פרוי איז זעלטען אפילו אין אונזערע צייטען.

היינט איז שוין לייכט צו פערשטעהן, ווי האבען געשעצט די פרויען יענע חכמים. וואס זייערע ווייבער זענען געווען גוטע. רב נחמן האט זעהר געשעצט זיין פרוי ילתא, וועלכע איז געווען א גרויסער למדן. רבא, דער גרעסטער פון די אמוראים אין בבל, האט אויך געהאט א פרוי, ווי עס ווייזט אויס, א למדן, און ער פלעגט זיך פערלאזען אויף פיעל דינים, וואס זי האט איהם איבערגעגעבען אין איהר פאטערס (רב חסדא) נאמען. רב אשי, דער וואס האט צונויף געשטעלט די גמרא, האט אויך געפרעגט דינים און מנהגים ביי זיין פרוי, וועלכע איז אויך א פנים ניט געווען קיין עם הארץ. אט די חכמים האבען אויך זעהר הויך געשעצט זייער'ע ווייבער.

די גמרא זאגט, אז מען בעדארף שעצען דאס ווייב מעהר ווי דעם אייגענעם גוף, מען בעדארף זיך היטען ניט צו בעליידיגען א פרוי. איינער האט א מאל אראפגעריסען א הויב פון א פרויענצימער אין גאס, האבען די חכמים פון דער גמרא איהם פער'משפט צו בעצאהלען דער פרוי 400 גולדען פאר דער שאנדע. "היט אפ דעם כבוד פון דער פרוי", זאגט איין אמורא, ווארום די ברכה אין דעם מאנ'ס הויז איז נאר צוליעב דער פרוי". ווען א פרוי האט א משפט אין בית-דין, און אין דער זעלבער צייט האט דארט א מאנסבילד אויך א משפט, בעדארף דער דיין פריהער משפט'ן דער פרוי'ס משפט, ווייל עס איז פאר איהר קיין כבוד ניט צו שטעהן אין בית-דין. אז מען טהיילט נדבות (מעשר) ארעמע פרויען און מענער, זאל מען פריהער געבען די פרויען. אז קהל בעדארף חתונה מאכען איין ארימען יתום און אויך איין ארעמע יתומה, בעדארף מען פריהער חתונה מאכען די יתומה. אז איינער שטארבט און לאזט וועניג ירושה, בעדארף מען שפייזען דאמיט די אלמנה, און די יתומים מעגען געהן בעטען נדבות. אז נאך איינעמס טויד בלייבען זוהן און טעכטער בתולות, בעדארף מען פריהער חתונה מאכען די טעכטער אדער שפייזען זיי, און די זוהן מעגען בעטלען. — א ווייב מעג פאדערן פון איהר מאן א גט, גלייך ווי דער מאן מעג זי גט'ן. מיט איין ווארט, אין דער משפחה שטעהט א מאנסבילד ניט העכער פון א פרויענצימער לויט דעם תלמוד, און אפטמאל האט די פרוי מעהר זכיות פאר דעם מאנסבילד.

אין דער געזעלשאפט האבען די פרויען אויך געהאט, כמעט די זכיות וואס א מאנסבילד. זי מעג זיך בעשעפטיגען מיט אלע בעשעפטיגונגען גלייך ווי א מאנספערזאן. זי איז חייב מקיים זיין אלע מצות פון דער תורה, אויסער די מצות, וואס ווענדען זיך אן א בעשטימטע צייט, למשל א סכה, א לולב, חנכה-ליכט וכדומה, און דאס איז, ווייל פרויען זענען איבערהויפט בעשעפטיגט מיט קינדער און הויז-ווירטשאפט, קענען זיי ניט מקיים זיין אזעלכע מצות, וואס פאדערען א בעשטימטע צייט. תנ"ך איז א טאכטער מחויב צו לערנען ווי א זוהן; נאר משניות און גמרא איז זי ניט מחויב צו לערנען. בן עזאי זאגט, אז מע בעדארף לערנען אפילו א טאכטער תורה. נאר רבי אליעזר בן הורקנוס זאגט, אז מען טאר ניט לערנען קיין פרוי תורה. רבי אליעזר איז געווען זעהר אין כעס אויף ווייבער, ווייל ער האט געהאט א בייז ווייב, אימא שלום, וואס איז געווען זעהר א גרויסער למדן. אבער דער דין בלייבט ניט ווי רבי אליעזר זאגט.

פרויענצימער טארען נאר ניט זיין קיין עדות, קיין רבנים און קיין דיינים, און דאס איז, ווייל איין אשה האט א ווייך הארץ, און איז פרימער איידער א מאנסבילד, דעריבער קען זי ניט זיין קיין עדות און קיין דיין, ווייל זי וועט רחמנות האבען אויף דעם פערמשפ'טען. אויך וועט זי אפט טרפה מאכען א שאלה, וואס איז כשר. ווייל זי איז צו פרום. דעריבער קען זי אויך קיין רב ניט זיין.

פרויען גלייך ווי מענער האבען געוויסע מעלות און געוויסע חסרונות אין זייער כאראקטער און די חכמים האבען עס גוט בעמערקט און געשילדערט אהן פאלשקייט. זיי זאגען, למשל, אז "די נאטור האט געגעבען דער פרוי מעהר פערשטאנד ווי דעם מאנסבילד". פערקעהרט זאגען אויך די חכמים, אז א מאנסבילד איז ניט אזוי לייכטזיניג ווי א פרוי, ער איז מעהר מכניס-אורח פאר א פרוי, וכדומה. מיט די מאמרים האבען די חכמי התלמוד ניט געמיינט מבזה זיין ניט די מענער און ניט די פרויען; נאר, פשוט, זיי האבען געוואלט ריכטיג שילדערן די כאראקטערען פון די מענשען אהן א פניה. היוצא מדברינו, אז די חכמי התלמוד האבען ניט מבזה געוועזען די פרויען, ווי די יודישע שונאים אייזענמענגער, ראהלינג, דימינסקי, זאגען. אדרבה זיי האבען אויפגעהויבען די לאגע פון די פרויען זעהר הויך, און ווען אונזער פאמיליען-לעבען וואלט איצט אויך זיין שטרענג נאך דעם תלמוד, דאן וואלטען היינטיגע יודישע פרויען לעבען מיט זייערע מאנען א גליקליכען און א ריינען לעבען.

שלמה בערמאן.

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau